ח. נ. ביאליק

# דער מתמיד

איבערזעצט פון

י. י. שווארץ

# דער מתמיד

ס'איז דא נאך פערוואָרפענע יודישע שטעדטליך,
אין וועלכע עס רויכערט נאָך, צאַנקט אונזער ליכט;
וואו גאָט האט אַ גליהענדע קויהל נאָך געלאָזען
וואָס גליהט דורך דעם אַש וואס בעדעקט איהר געדיכט.
און וואו ניט וואו רויכערען ווי האַלאַוועשקעס
נשמות פערמאַטערטע, מידע, פערקלעמטע
וואס טריקנען דארען וויא גראז אין דעם מדבר
פערעלטערט אהן צייט, פון דאס לעבען פערשעהמטע,
און ווען דו געהסט איינזאם אין שטעדטיל ארויס
אין אַ זומערדיג ליכטיגע פראַכטיגע נאַכט:
שטיל סוד'ען זיך גרעזליך און שטערנדליך פינקלען,
און זיס וועהט אַ ווינטעל פער'חלום'ט, פערטראַכט;
דאָן הערט זיך פון ווייטען אַ טרויעריגע שטימע
און ס'זעהען אַ שיינענדע ליכט דיינע אויגען
דארט ווייט דורך א פענסטער — עס וויעגט זיך א שאטען
אהער און אהין אין א חשך בעצויגען;
און ס'טראגט זיך א נגון, א וויינענדער נגון,
וואָס נעהמט אָן ביים האַרצען אין שטילקייט פון נאַכט:
דאס זעהסטו אַ מתמיד וואָס האָט זיך אין תפיסה,

אין פינסטערע תפיסה, גוטווילּיג פערמאכט !

אָט דאָרט אין דאס הויז איז אַוועק ניט איין טאָג איהם,
נור גאַנצע זעקס יאָהר זיינען דאָרטען פערפלויגען ;
אָט דאָרט איז זיין יוגענד און קינדהייט פערלאָפען,
פערלאָשען די ליכט פון די לויטערע אויגען.
קיין טאָג — נור זעכס יאָהר צייט ער האָט צו דעם ווינקעל
צום פינסטערען ווינקעל געוועגדט זיין געזיכט ;
געזעהן פאַר זיך האָט ער אַ וואַנד נור און שפינוועבס
אָהן אַ ליכטיגען שטראַהל, אָהן אַ אָבגלאַנץ פון ליכט.
זיין שטענדיגער הונגער, ניט שלאָפען, זיין שוואַכקייט —
וואָס האט ביי דעם יונגעל דאָס אַלץ פאַר אַ ווערטה ?
צו ווייס ער דען ניט ווי א מאָל פלעגט מען לערנען ?
צו ווערט ניט ביי יודען א למדן געעהרט ?

עס זיינען זעכס יאָהרען פון קינדהייט און יוגענד
פערשוואונדען אָהן לעבען אזוי ווי אַ שאָטען ;
אַזוי ווי זיי וואָלטען דאָס הויז ניט בעריהרט גאָר,
און גאָר ניט דעם ווינקעל פון יונגעל בעטראָטען.
אזוי ווי ס'וואָלט אונטער'ן וואַנד אויסגעגאַנגען
דאָס לעבען מיט גאָר זיינע ליידען און פריידען ;
און גלייך ווי די ערד וואָלט זיך ווינטער אין ווייסען
און זומער אין גרינען גאָר אויפהערען קליידען ;
גלייך די זון וואָלט זיך הינטערען פענסטער פערלאָשען
און ס'וואָלטען ניט וואַרמענד די שטראַהלען געלויערט
זיך ברעקלענד צו ווישען די צווייגען פון דעמבע
וואָס שטעהט נעבען פענסטער פון הויז טיעף פערטרויערט ;

אַזוי ס׳וואָלט קיין ליכטיגע נאַכט ניט געווען גאָר,
דער פריהלינג וואָלט גוואלדיג צו זיך ניט געצויגען
און גלייך ס׳וואָלט דאָס יונגעל גאָר יונג ניט געוועזען —
אַזוי זיינען גאַנצע זעכס יאָהרען פערפלויגען !

אין שטעהענד פערשימעלטען זומפּ, אין ישיבה,
פאַלט אויך ווען אַ נייעס אין פערלויף פון די יאָהרען ;
עס האָבען די בחורים אויך אין זיך הערצער
און צוויי מאָל אין יאהר ווערט דער עולם צופאהרען
און ס׳ווערט די ישיבה צוריהרט און צורודערט :
פיעל געהען אַוועק, ס׳קומען אַנדערע צו —
פיעל ווארפען אוועק זייער טרויעריגעס לעבען
און לעבען צופריעדען, אהן דחקות, אין רוה.
און פיעלע בעזעצען ארום זיך אין דערפער
און עסען זיך „טעג“ — ווי עס פיהרט זיך ביי אידען
און ווייט פון דאס אויג פון דעם שטרייגגען משגיח
בכבודיג לעבען זיי דאָרט און צופריעדען.
אויך טרעפט : מי טרייבט פיעלע ארוים פון ישיבה
זיי געהען אַהיים מיט בזיונות, פערשוועכט ;
איינער — ווייל ר׳פלעגט זיך מיט מיידליך פערברייינגען,
און דער שפיעלט אין קאָרטען אָב גאַנצענע נעכט ;
דער דריטער — ווייל ס׳האָט איהם דער שמש געטראָפּען
אום שבת זיך רויכערענד אַ פּאַפּיראָס ;
דער האָט מיט אַ פסול׳ן בוך זיך בעהאלטען,
און דעם — ווייס מען סתם ניט פאר ווען און פאר וואָס.
אויך טרעפט, אַז מען קלייבט ווערמען אוים פאר אַ חתן :
ער קריגט דאַן אַ דאָרפס־מויד — אַ מויד גראָב און דיק.

אויך גיבט, אַז עס ווערט ווער אַ רב אין אַ שטעדטיל —
אַ, וואויל איז דאָס דעם ווערמען ס׳טרעפט אַזאַ גליק!
נור איינער שטעהט אַלץ צו זיין אָרט צוגעשלאָגען,
די מעשים, די יאָהרען נור הינטער איהם פאַלען;
און פאר איהם? פאר איהם שטעהט אַ וואַנד ווי פון אייזען,
א דונקעלער ווינקעל אהן ליכט און אהן שטראהלען!

צייט ס׳האָט זיך דאָס יונגעל אין ווינקעל פערקליבען
האָט קיינער, קיין בחור, קיין פרוש געזעהן,
ניט בעמערקט האָט דער שמש: אין וואסער צייט געהט ער אהיים זיך צו רוהען, און קערט זיך אום ווען?
געוואוסט האָבען נור פון דעריין: די לבנה,
דער פריהיגער מאָרגען, די פינסטערע נאַכט;
די זונן האָט איהם קיינמאָל, קיינמאָל ניט געזעהען
בעת זי שיט טויזענדער שטראָהלען און לאַכט.
בעגינען, ווען שווער איז נאָך אונטער צושיידען
„פון בלוי־פאַרב ביז ווייס, פון אַ וואָלף ביז אַ הונד“,
ווען ס׳גלאַנצען אין חשך׳דיג שטילקייט די שטערען
אין הימעל וואָס האַט זיך פערשפרייט הויך און רונד.
ווען ס׳זיינען נאָך אַלע אין שלאָף טיעף פערזונקען,
דאָס קרעהען פון האָהן טהוט זייער רוה אויך ניט שטערען
און איידער ס׳ערוואַכען גאָטס־פּאָרכטיגע אידען
צו דיענען דעם בורא, איהם לויבען און עהרען;
ווען ס׳וואָרט די נאַטור צו ערוואַכען צום לעבען
צום נייעם, און שווייגט זיס פער׳כשוף׳ט און שטיל
אזוי זי וואָלט טרוימען איהר חלום דעם לעצטען;
בעהאַלטענדיג טיעף אַ געדאַנק, אַ געפיהל

אין די פאלעס פון שווארצע, פון אטלעסנע קלייד ;
און שטיל און באזאכט טראגט זיך ערגעץ א ווינד ;
דאן וואכט אויף פון שלאף פון זיין קורצען דאס יונגעל
קליידט אן זיך און לויפט צו זיין ווינקעל געשווינד.
עס הערט נור דער זיסער דער גלעטענדער ווינדטעל
די טריט פון דעם יונגעל וואס געהט זיך זיין וועג ;
און שטערען נור זעהען איהם הויך אינ'ם הימעל,
אין הימעל אין טיעפען אהן שיער, אהן א ברעג.

דאן טרעפט, אז עס שפרינגט, מעשה שטן, אנטקעגען
א שטיפעריש ווינדטעל וואס ווארעמט און גלעט ;
ער גרייזעלט די פאות פון יונגעל מיט ליעבשאפט
און סוד'ט איהם זיס אויף זיין אויער און רעדט.
און שווער קלעפען צו זיך די ברעמען פון יונגעל
אזוי ווי זיי וואלטען געבעטען איהם שטיל :
„האב, ברודער, רחמנות און לאז אונז נאך רוהען,
דו האסט אונז, אוי ברודער, געמאטערט צו פיעל !
דו האסט אונז א זומער־טאג לאנגען און שווערען
געמאטערט, געפייניגט ביז שפעט אין דער נאכט ;
געה לייג זיך און מיר וועלען אויך זיך אויסרוהען :
מיר זיינען פון ארבייט פון שווערע פערשוואכט !“
נור ס'פיהרט פלוצלונג איבער די אויגען, דאס יונגעל
זיין מאגערע האנד — און אוועק דער געדאנק !
און ס'הערען די ליידיגע פינסטערע גאסען
פון איילענדע טריט און געשווינדע דעם קלאנג.
ס'פערקלייבט זיך דער ווינד דאן אין גרינס פונ'ם גארטען
און גלעט און ער שעפטשעט זיס ליעבע געזאנגען :

„זעה, קינד מיינס, ווי ווייך איז און פריש מיין געלעגער,
לעב אויף נאָך כל זמן ס'איז דיין לונג ניט צוגאַנגגען !
„אויך מיר שלאָפען" — שעפּטשען די גראָזען און בלומען,
וואָס שטעהן מיט א טוי ווי מיט פּערלען בעצויגען.
עס ווינקען די גאָלדענע שטערען פון הימעל :
„אויך מיר שלאָפען רוהיג מיט אָפענע אויגען !"
און ריחות פון גראָזען און בלומען בערוישען,
פיהלען אָן טיעף דעם יונגעל מיט לעבען און לוסט ;
א גאַנצער שטראָם לופט גיסט אריין זיך אין הארצען
און גרינגער דאָן ווערט זיין פיעל-ליידענדער ברוסט.
דאָן לאָזט ער די הענד אָב מיט שוואַכקייט, אָהן קרעפטען
אזוי וו'ער וואָלט בעטען : „טראָג ווייטער מיר, ווינד !
דאָ איז מיר דער אָרט איינג, דאָ בין איך פערמאַטערט,
אָ, טראָג מיר פון דאַנען אוועק, גיך, געשווינד !"
א קלאַפּ אין דעם פארקאַן פון גאַרטען דערמאָנט דאָן
דעם יונגעל, אַז ער האָט פערבלאָנדזעט פון שטעג.
ר'דערמאָנט זיינע חובות, זיין ווינקעל, זיין לערנען,
און קערט זיך אום ווידער, געהט ווידער זיין וועג.

עס הערשט אין ישיבה אַ הייליגע שטילקייט.
דער ערשטער צושטערט איהר דער מתמיד, דאָס יונגעל.
עס ווארטען אויף איהם דריי חברים, מיט וועלכע
ער איז שטארק בעפריינדעט אין פינסטערען ווינקעל :
דער שטענדער, דאָס ליכט און דיא ברייטע גמרא.
ער איילט צו זיין אָרט אַ מינוט ניט צושלאָגען
און הויבט גלייך אָן לערנען מיט לוסט און מיט חשק
און שטעהט אויף זיין ארט ווי א צוועק צוגעשלאגען.

ער ריהרט זיך פון אָרט ניט דעם טאָג, אַ שטיק נאַכט,
דאָרט עסט ער אין ווינקעל זיין שטיק שוואַרצעס ברויט —
ס'איז שטאַרקער פון שטיין און פון אייזען, אַ יודישער
אינגעל, וואָס לערנט די תורה דורך נויט!

„אוי, אוי, אמר רבא, אוי, תנו רבנן!"
דער מאָרגען, דער גאָרטען, די ריחות פון פעלד
איז גלייך ווי אַ וואָלקען צורונגען געוואָרען,
פערגעסען פון איהם איז אַלצדינג אין דער וועלט.
זיין וועלט עקסיסטירט נור פאַר איהם אין ישיבה,
און ס'לויכטען איהם טויזענדער זוננען אין ווינקעל;
און ס'בליצען מיט ליכטיגע פונקען די אויגען
און פול מיט בעגייסטערונג וויעגט זיך דאָס יונגעל.
ס'איז רויט שוין דער מזרח־זייט הימעל געוואָרען,
און פרעהליך, ערפרישט האָט די ערד אויפגעוואַכט;
ס'זאָגט יעדע בעשעפעניש שירה צום בורא
און ס'קלינגען די פויגלען און זינגען, אַ פראַכט!
עס קומען די בחורים אל' אין ישיבה
מיט לאַנגע און שווערע גמרות צוזאַמען;
עס לויכטען די פנים'ער, גלאַנצען די אויגען
ווי קינדער וואָס קומען מיט פרייד צו דער מאַמען.
און מונטער, מיט היטץ, הויבט זיך אָן יעצט דאָס לערנען,
עס קלינגט די ישיבה מיט הילכיגע קלאַנגען:
עס לויבען, עס בעטען דאָס, דאַכט זיך, דעם בורא
און דאַנקען איהם האַרציג די לעבענס־געזאַנגען.
און דרויסען, גלייך איבערן פענסטער, ערוואַכט אויף
דער נעסט פון די שוואַלבען, עס זינגען די קינדער

א לויב־ליעד דער זונן, וועלכער קארגט ניט קיין שטראהלען
און לעבט אויף די ערד און בעציערט איהר אויף וואונדער.
עס ליעבט אויך די זונן זיך פערקלייבען אין הויז טיעף,
אין גרויסע ישיבה יעדווידער פריה־מארגען
און אויסקערען דארט מיט איהר גאלדענעם בעזעם
די שאטענס וואס האבען זיך טיעף דארט פערבארגען.
די זונן פיהלט מיט ליכט אן די דונק׳לע ישיבה,
טאפצירט אוים מיט גאלד אלע ווינקלען פון הויז ;
א פויגעל־געזאנג נעהמט ארום איהר פון דרויסען,
און אינווייניג קלינגט : א געפילדער, א רויש !
אפילו דער אלטער פערלאזענער דעמבע
וואס שטעהט יאהרען לאנג ביי דעם פענסטער, אהן לעבען,
די ווארצלען פערטריקענט, פערעלטערט, און האט שוין
זיין פרוכט, זיינע נים, שוין לאנג אויפגעהערט געבען,
האט אויך, אזוי דאכט זיך, צום לעבען ערוואכט יעצט.
און פייכט איז פון נאכטיגען טוי נאך זיין קאפ ;
ער זעהט איצט די פויגלען ווי אייגענע קינדער
וואס גריסען איהם פריינדליך מיט ליעדער אראב.
און ס׳גיסט זיך פול צויבער און כשוף דאס לעבען,
ס׳פערשטראמט און פערפלייצט אויך די ערד מיט זיך גיך ;
זאל יעדער מענש זעהען און טיעף שעפען פערגניגען,
און לעבען — ווער ס׳האט א נשמה אין זיך !
נור ס׳ריהרט זיך פון ארט ניט נור איינער, דאס יונגעל,
עס אטהעמט ניט פריי זיין פערמאטערטע ברוסט —
ס׳איז שטארקער פון שטיין און פון אייזען, א יודישער
יונגעל, וואס לערענט די תורה מיט לוסט!
אזוי שטעהט דאס יונגעל טאג־טעגליך אין ווינקעל

פון פריהיגען מארגען ביז שפעט אין דער נאכט ;
ער טהיילט איין אין טהיילען זיין טאָג : איינ׳ס פאר זיך, און
דריי טהייל ט׳ער אלם קרבן דער תורה געבראכט.
און איינזאַם, געשמיעדט צו זיין ווינקעל דאָרט שטעהט ער,
דעם פנים געקניימשט, מיט אַ בלאַסקייט בעגאָסען ;
ער האָט אין גמרא זיין גאַנצע נשמה
אויף אייביג, אויף אייביג, פערגראָבען, פערשלאָסען !

„אוי, אוי, אמר רבא, אוי אמר אביי !"
צי דאָ איז דער אָרט וואו עס שאפט זיך די זעעלע
פון פאָלק, און עס פלאַנצט אין איהם אייביגעם לעבען ?
צי דאָ פליסט פון ווארעמע פאָלק׳ס־בלוט די קוועלע ?
צי דאָ זיינען ליכטער אין צוקונפט, וואָס שאפען
און שמיעדען דעם פאָלק אוים אַ אייביגען גייסט
דען וואָס איז די פלאַמען ? וואָס זיינען די קולות ?
וואָס טראָגען די זעעלע צום הימעל מיט דרייסט ?
ווער האָט אין די בלעטער אַ כשוף בעהאַלטען ?
מיט וואָס פאַר אַ קראַפט איז די ווערטער בעצויגען
פון הערצער דערשלאָגענע אויסהאַקען פלאַמען,
און אויסשיסען פונקען פון דונקעלע אויגען ?
„אוי, אוי, אמר רבא !" — צי הערסטו, צי פיהלסטו
די ליעבשאפט די גרויסע וואָס פלאַקערט מיט גלות ?
צי רייסט זיך דיין הארץ ניט אויף צוויי, פון די ווערטער
וואָס האקען אוים פלאַמען און שפריצען מיט בלוט ?
צי גיט דיר אַ מעכטיגע האנד ניט אַ שליידער
אין אונבעוואוסט הויכקייט, און וויטקייט אָהן ברעג ?
און גלייך ווי אַ פיש אין דעם נעטץ אזוי קלאפט זיך

און רייסט זיך דיין הארץ אין א שטורעמדיג שרעק?
פערשטעהסטו וואס קלאגט דארט,וואס וויינט דארט
דערשלאגען

דער איינזאמער, עלענדער, ארעמער יונגעל
וואס גיסט אויס זיין הארץ אין די בלעטער פון תלמוד
מיט וויינענדע טענער אין פינסטערען ווינקעל?
ער שטעהט פון בעגינען און פיהלט ניט קיין שוואכקייט
און לערענט מיט חשק, מיט היטץ און מיט קראפט;
די זונן זינקט צו מערב־זייט נידריג אראב שוין
און הייזעריג ווערען די שטימען, פערשלאפט;
ס׳ווערט יעדערער מיעד, יעדער האלז ווערט צוטריקענט,
מיט אונגעדולד ווארטען זיי שוין אויף די שעה,
ווען דער שמש וועט קומען און אויסרופען: פרייהייט!
דער אווענד, דער לאנג שוין ערווארטער איז דא!
אין שיין פון דער זונן וואס געהט אונטער, און וועלכע
בעדעקט ווי מיט פורפור, בעגולט אוים די הויז;
פול חסד, הנאה טהוט אב זיך די שכינה
און גליצט אויף א גאלדענעם שטראהל זיך ארויס,
ס׳פער׳גנבה׳ט א גאלדענער שטראהל זיך אין ווינקעל
וואס בעדעקט איז מיט פינסטערע שאטענס געדיכט;
און ס׳צינדען זיך בראנד־רויטע פלעקען דארט אנ׳עט
און ס׳ציטערט, און ס׳ווארפט זיך דאס שיינענדע ליכט; —
דאן הערט זיך א צערטליכער קול פול מיט קרעפטען,
דער קול פון דעם מתמיד וואס קלינגט העל און פריש,
ווי א קינד א פערביינקטעס, פול קדושה און ליעבשאפט,
קלינגט מעכטיג זיין קול דאן בעגייסטערט און זיס.
„אוי, תנו רבנן... וועך ווייס, אויב איך וועל יעצט

מיין זעעלע אַלס קרבן דער תורה אויפברינגען,
קאָן זיין וועט מיין שם־טוב די וועלט ווען אנפיהלען,
און ס'וועט פון מיין ווינקעל מיין נאָמען אויפקלינגען !"
„אוי, תנו רבנן.. אויך רבי עקיבה
ז'אַ פאַסטוך געוועזן ביז פערציגסטען יאָהר —
און האָט ווי אַ שטערען זיין פאָלק אויפגעלויכטען —
און איך בין אַ יונגעל אַ יונגער דאָך נאַר"...
„גאָט, נעהם ביי מיר צו וואָס דו ווילסט און פערלאַנגסט נור
איך גיב זיך ביים הייליגע תורה דאָס וואָרט :
איך שווער, ס'זאָל מיין קול שטענדיג קלינגען אין תורה,
איך שווער ניט צו ריהרען זיך קיינמאָל פון אָרט.
און פריה וועט דער מאָרגען אויפוועקען פון שלאָף מיר,
קיין רוה זאָל ניט וויסען מיין ליידענדע ברוסט
ביז ש"ס וועל איך ענדיגען, איינשטילען וועל איך
צו וויסען דיין הייליגע תורה מיין לוסט.

אַלזאָ — „אמר רבא"... און פול נייע קרעפטען
האָט מעכטיג זיין שטימע די לופט דורכגעריסען ;
מיר דאַכט, אַז אַ שיין ט'זיך אויף ארון הקודש
אַזוי ווי אַ גן־עדן'שע שמייכעל בעוויזען —
די שכינה שעפּט נחת פון רייד פון דעם יונגעל —
און אפשר גאָר לאַכט זי פון איהרע קרבנות
וואָס שליסען זיך איין אין די פינסטערע תפיסה,
בעגראָבען זייער יוגענד דאָרט גאָר אָהן רחמנות ?...
די זון איז צו מערב־זייט טיעף שוין פערזונקען
ט'איהר שטראַהל אויך דעם לעצטען מיט זיך אַבגעצויגען
און נידעריג ווערען די שטימען און שטילער

און גלייך צו דעם רוישען און זשומען פון פליגען.
צום סוף האָט דער שמש צו מנחה גערופען
און אויפגעהערט האָט באַלד צו טומלען, צו רוישען
און גיך ווערט דער דאַוונען געענדיגט, און ס׳איילען
די בחורים אַלע אַנטלויפען אין דרויסען !
אין וואַלד און אין פעלד ! דאָרטען לעבען אויף ביינער
וואָס האָבען פון יוגענד קיינמאָל ניט געוואוסט ;
וואו ס׳רויטלען זיך עפעל און בעקליך פון מיידליך,
וואו ס׳אָטהעמט מיט חשק און כח די ברוסט !
עס קלאַפּט דאָס האַרץ מוטהיג און פרייער און שטאַרקער,
די לופט איז ערפרישענד און דורכזיכטיג קלאָר ;
עס ווישט אָב דער בחור דעם שוויס פון זיין שטערען,
אַ ווינדטעל ריהרט שטיל די צושויבערטע האָר.
ס׳איז שטיל אין ישיבה. עס שטעהען די ווענד דאָרט
פערהילט און פערוויקעלט אין שאָטענס, אין דונקעל.
פון אַלע תלמידים זיינ׳ מעהר ניט צוויי פרושים
געבליבען און ריידען זיך דורך שטיל אין ווינקעל ; —
דאן דרינגט פון דעם ווינקעל א וויינענדע שטימע
און ברוימט ווי א טויב אזוי האַרציג און באַנג.
וואָס ברומט און וואָס קלאָגט זיך זיין קריינקליכעס האַרץ טיעף?
וואָס וויטאָגט און שמאַרצט זיין פערטרויערט געזאַנג ?
צי האָט ער זיין אָרעמען פאטער דערמאָנט יעצט
זיין עלענדער מוטער ? און האָט זיך פערביינקט ?
און ס׳רייסט זיך זיין האַרץ ווי אַ פויגעל אין קלעטקע
און צאַפּעלט זיך שמערצליך, פעראומערט, פערקריינקט ; —
אזוי זיי דערמאָנען אין איטליכעס תפלה
זיין נאָמען טאָג־טעגליך, און בעטען דעם בורא

און וואַרטען אויף איהם ווי מען וואַרט אויף משיח —
ווען קומט ער צוריק מיט דער קרוין פון דער תורה ?
ווער קאָן די מחשבות די יונגילשע וויסען ? —
נור שטענדיג ווען ס׳געהט ווער פערבייַ פאַר׳ן הויז,
שטעלט אָב זיך צו הערען דעם טרויריגען נגון
וואָס געהט פון צובראָכענעם הארצען ארויס.
און ס׳רייסט זיך א תפלה ארויס איהם פון האַרצען
און פליהט מיט אַ זיפץ אויף דעם שוועבענדען ווינד :
„געבענטשט איז דער קינד, וועלכער מיה׳ט זיך אין תורה
און וואויל איז דעם טאַטען וואָס האָט אַזאַ קינד !"

„אוי, אוי, אמר רבא"... און דאס וואָס עס שרייט דיר
דאָס לעבען מיט הונדערטער־טויזענדער שטימען
האָסטו פון דאָס אַלעס אַזוי ווי אַ שטומער
און טויבער, אַ בראָק נישט געהערט, נישט פערנומען.
און דאס וואס עס שרייט דיר דיין קראַנקע נשמה
פון טרוקענ׳ם האלז זאָ פערמאַטערט, פערשוואַרט,
אז ס׳געהען דיר ביסלעכווייז אוים דיינע קרעפטען,
האָסטו נאָך ביז היינט גאָר איהר קול ניט געהערט... —
און האָסט יעדען קלענסטען פערלאַנג פון נשמה
מיט ד׳איינענע הענד אין זיין יוגענד דערשטיקט ;
און יעדווידער בלום, וועלכער שפּראָצט דאָרט בעהאַלטען,
האָסטו אָהן רחמנות צוריסען, צופליקט.
ביז וואן ס׳איז דיין זעעלע פערמאַטערט געוואָרען
און איז איינגעשלאָפען, פערהונגערט, בעטריעבט
מיט אַ דורשט, מיט אַ לוסט וואָס איז קיינמאָל בעפרידיגט —
ניט זי האָט — קיין צווייטער האָט איהר ניט געליעבט...

און ד'אויגען, די ליכטיגע אויגען, וואָס זיינען
בעשאַפען געוואָרען צו זעהען די וועלט
זיי זיינען, קיין זאַך ניט פערלאַנגענד, פערפינסטערט
און ווערען אין חשך פערהילט און פערשטעלט...
און לעבט אין אַ לעבען וואָס איז שוין לאַנג בטל
און קריכט ווי אַ שפּין אויף אַ וועג וואָס איז וויסט —
אויף וואָס זיינען דיעזע נשמות בעשאַפען ?
וואָס געהען זיי אונטער אין לעבען אומזיסט ?

ס'פלעגט טרעפען אַ מאָל אויך : דער גייסט פון דעם יונגעל
פלעגט ווערען פון מיה פון דעם שווערען דערשלאָגען ;
און ווינטער, אַז ס'רייסט זיך און קלאָגט ביז דער שטורם,
דער הימעל ז'אין גאַנצען מיט וואָלקענס בעצויגען ;
עס שלעפען זיך טרויריג די פינסטערע וואָלקענס
און ס'ציהען זיך לאַנגזאַם, אָהן לעבען, די טעג...
די זונן זאל איין שטראַהל האָץ אין ווינקעל פערוואָרפען !
בעלויכטען אַ ביסעל דעם חשך אָהן ברעג !
פון וואַנ' עס איז נעהמט זיך אַ שפּין דאָן אַ גרינער
און וועבט זיינע שפּינוועבס אין ווינקעל אין שווארצען ;
דער חשך ארום ווערט אַלץ שווערער, געדיכטער
און קאַלט איז און פינסטער ביים יונגעל אין הארצען —
דאָן פיהלט אויך דאָס יונגעל אַז ער איז פערגעסען,
זיין זעעלע איז איינזאַם, דערשלאָגען, פערלאָזען.
ער שפּירט, אַז זיין קראַפט ווערט אַלץ וויייניגער, שוואַכער,
דער פלאַם אין זיין הארץ ווערט כמעט אויסגעלאָשען.
און ס'קלינגט דאָן זיין קול ווי אַ קול פון אַ מענשען
וואָס געהט אויס אין טרויער, אַ ביטערער קול

פון אַ האַרץ וואָס איז טרוקען ווי גראָז, אַ פּערקריינקטעס
וואָס קלינגט מיט געבעט און בעגאָסען מיט גאַל.
און ס'ווערט צו אַ קלעגליך-געוויין דאָן זיין לערנען
און ס'רייסט זיך אויף טויזענדער שטיקער זיין האַרץ..
צי זיינען בעליעבט דיר, מיין קינד די יסורים ?
צי ווייס ער זיין אונגליק ? צו פיהלט ער זיין שמאַרץ ?...

זיין אונגליק ? פאַרוואָס ? אָ, ווער קאַן דאָס דערוויזען
אַז דער מענש איז צו בעסערס בעשאַפען אין לעבען ?
און פאַר וואָס זאָל דאָס יונגעל ניט זיין אויך צופריעדען,
מיט דעם וואָס עס האָט איהם זיין ווינקעל געגעבען ?
די תורה די ברייטע, די ליכטיגע תורה,
ט'פון אייביג אין ווינקלען און שאָטענס געזוכט.
גאָט'ס האַנד האָט בירושה פון טאַטעס צו קינדער
דורך חשך, צו לייכטען געבראַכט אונז איהר ליכט.
אין קעלערס, אויף בוידימער — לערנען בגנבה
דאַרט האָבען זיך אונזערע קינדער בעהאַלטען
און אַראָב צו אונז זיינען פון בוידימער גאונים
און ליכטער אַרויס פון די פינסטערע שפּאַלטען.
אין אָרעמקייט, צער האָט אויך זיך די יודישע
אומה, ביז היינט אויף דער וועלט אויפגעהיט —
טאָ פאַר וואָס זאָל פאַרדריסען דעם מתמיד דעם יונגעל
ווען מען האָט איהם אין ווינקעל אין איינגען פערשמיעדט ?
אויף אויסוויינינג קאָן ער שוין גאַנצע צוויי סדרים
גמרא, אויף אויסוויינינג אותיות צו צעהלען !
און ס'קוקען די בחורים אָן איהם מיט קנאה
און זעהען פאַראויס איהם אַ צוקונפט אַ וואוילען.

ווי גוט און ווי וואויל איז דעם אָרעמען יונגעל!
ווי אַזוי זאָל זיין הארץ אין איהם טיעף זיך ניט פרעהען,
ווען ר׳זעהט פאַר זיין מיה פאר זיין שווערען אַ לוין באַלד,
מ׳י רופט איהם אי מתמיד, אי עלוי, אין צווייען.
עס פינקעלט איין קרוין אויפ׳ן קאָפּ פון אַ קעניג,
מ׳י בעציערט מיט איין לאָרבער־קראנץ, מעהר ניט מיט איינען
דעם קאָפּ פון אַ העלד, פון אַ געטליכען דיכטער, —
דעם קאָפּ פון דעם יונגעל בעציערען צוויי קרוינען,
אי מתמיד, אי עלוי דאס זיינען צוויי שטאפלען
אין לייטער פון תורה אין ריעזיגען הויכען,
ווי ווייט איז דער שטאַפּעל פון גאונים פון זיי שוין —
ס׳איז גרינג דען אַזאַ מין מדרגה דערגרייכען?
און ווידער דאַן האַפּט ער... דען ס׳האָבען די בלומען
פון האָפנונג זיין גייסט צובראָכענעם פערטריעבען,
זיי ווייזען דעם יונגעל אַ לוין פאר זיין ארביים,
זיי ציהען זיין הארץ צו זיין ווינקעל צו ליעבען.
און גלייך איינער שלייפט אַ שטיק שטאָל אָן אַ שארפשטיין,
דאַן שפריצען אָב פונקען און פליהען מיט כח
אַזוי שלייפט ער אויך אָן די סוגיות די הארבע
אין איינגען און דונקעלען ווינקעל זיין מח.
און ווינטער ביי נאַכט, ווען ער האָט אויף אַ סוגיה
אַ הארבע געמאַטערט זיך לאַנג און בענומען —
אַ סוגיה וואָס האָט איהם זיין מאַרך אויסגעטריקענט
און איז דאַן גלייך ער וואָלט אַ שטאדט איינגענומען,
דאַן טרוימט ער פון טאָג ווען ער ט׳קערען אהיים זיך:
די סמיכה אין האַנד און בעלאָדען מיט תורה,
זיין שם טוב אין שטאדט און די עלטערנס שמחה

וואָס דאַנקען פאַר איהם און זיי לויבען דעם בורא,
און זיין נאָמען וואס יעצט איז פערהילט אין א חשך
וועט קלינגען פון „מיר ביז וואלאָזין“ און גלענצען
און ס׳וועלען איהם תמיד גאָטס־פאָרכטיגע יודען
מיט כבוד און ליעבע דערמאָנען און בענשען.
אַלזאָ — „אמר רבא, אוי, אוי, אמר רבא“...
און וואָס מעהר ער טרוימט, מעהר ציהט צו זיך זיין הארץ
צום ווינקעל צו איינגען, צור ברייטע גמרא,
צו ליעבען זיין הונגערען, טרויער און שמארץ,
און ס׳קלינגט אלץ זיין שטימע מעהר שטארקער, בעגייסטערט־
נור ווער גיסט אַ גיפט־טראָפען טיעף אונז אין גייסט
ווען מיר הערען די וויינענדע גמרא נגונים ?
וואָס צופט אונז געוואַלדיג דאָס הארץ און עס רייסט ?
נור דער, וועלכער געהט פארביי פאר׳ן ישיבה
אין פריהיגען מאָרגען, צי שפּעט אין דער נאַכט
און הערט דורך א ליכטיגען פענסטער, ווי ס׳טראָגט זיך
אַן איינזאַמע שטימע, וואָס וויינט שטיל, פערטראַכט:
וואס גיסט אויף דעם סוד׳ענדען ווינדטעל אין שטילקייט
אַ צער וואָס איז אַנגעזאַפּט דורך מיט פערגניגען —
נור דער קאָן פערשטעהן ווי ס׳איז שטעכעדיג־ברענענד
ווי שמערצליך, ווי טרויריג עס איז אָט דער נגון!

ווער האט אייער שטימע מיט גיפט אָנגעטרונקען ?
וואָס יאָמערט און קלאָגט אייער טרויריג געזאַנג ?
בעוויינט איהר דאָס אייערע בעגראָבענע יאָהרען,
צי ס׳איז אייך אויף אייער פערגאנגענהייט באַנג ?
צי אויף דעם וואס איז חרב די וועלט אייך געוואָרען

אויף דעם וויינט איהר שמערצליך, פערביטערט, דערשלאָגען ?
צי ווילט איהר אויפלעבען די ווערטער וואָס האָבען
דעם מארך אייך פון אייערע קעפּ אויסגעזויגען ?
צי שרייט איהר צו הילף און איהר רופט אייער גואל
ער זאָל אייך בעפרייען פון שרעקליכען שמערץ —
אַן אויג זאָל זיין, וועלכע זאָל זעהן אייער ארבייט,
פערשטעהן אייער וויטאָג — אַ פיהלענדעס הערץ !
אונגליקליכע מענשען ! עס הערט ניט קיין אויער !
אַזוי ווי אַ תפלה וואָס לאַנג איז געוואָרען
פערטראָגען פון ווינד און פערגעסען פון מענשען,
זוי געהט אייער ביטערער זיפץ אויך פערלאָרען !

נור איינער איז דאָ, וועלכער הערט צו אין שטילקייט
דעם קלעגליכען קול פון דעם מתמיד, זיין זאָרגען
זיין טרויריג געוויין און זיין שמערצליכען נגון
וואָס שוועבט אויף די פליגלען פון פריהיגען מאָרגען.
דער ראש הישיבה דער אַלטער און גרויער —
ס׳איז שטענדיג זיין אויער צו הערען איהם אָפען —
עס לאָזט איהם דער קול פון דעם מתמיד, דער ערשטער,
דער פּיפּס פון זיין פויגעל, עס לאָזט איהם ניט שלאָפען !
ער ליעבט דאַן צו הערען דעם קול פון דעם מתמיד
אין שטילקייט, ווען ס׳פליהען די קלאַנגען און שוועבען...
דאָס הערט ער דעם אָבקלאַנג פון אייגענעם יוגענד,
דאָס זעהט ער די קייט פון זיין גייסטיגעס לעבען.
און ס׳קייקלען אַראָב זיך צוויי טרעהרען ווי פערל
און פאַלען אין שנעע־ווייסען באָרד טיעף אריין ;
זיי פינקלען און גלאַנצען אנטקעגען דאָס ליכטעל

פון יונגעל מיט עפּעס אַ כשוף'דיג שיין.
וואָס רייסט זיך דיין האַרץ אין דיר, אַלטער? צי האָסטו
אין יונגעל אַזוי ווי אין שפּיגעל געזעהן
דיין פערגאַנגענעם, טרויעריגעם, עלענדעם לעבען,
דיין הונגערען, פריהרען — אַלצדינג וואָס געוועזן?
דערמאָנסט אויך די יאָהרען פון לערנען מיט ליעבע —
טאָ וואָס־זשע איז, אַלטער, דיין האַרץ זאָ געריהרט?
דו האָסט איבער אַל' דיינע ליידען געשטאַרקט זיך.
גאָט האָט דיך צו לייכטען דורך חשך געפיהרט!
און אפשר גאַר ווייזט דיר דיין האַרץ בנבואה
די ריעזיגע קראַפט וואָס געהט אונטער אַלץ מעהר,
וואָס וועלקט ווי אַ בלאַט אויפ'ן ווינד, ווערט צוטריקענט
און ס'ווייִנט דאָס דיין האַרץ אין דיר גוואַלדיג און שווער?
צי אָדער דו זעהסט יעצט דעם צוקונפט פון יונגעל?
דו זעהסט אַ פערבלאָנדזעטע שעפּס גאַר אָהן מאַכט
וועלכע געהט אין דעם שרעקליכען שטורעם פערלאָרען,
איז בלינד ווי אַ וואָרעם אין דר'ערד און פערשוואַכט?

איך האָב אין מיין יוגענד געהערט זייער שטימע,
די בלאַסע געזיכטער געזעהן זעהר פיעל;
די קנייטשען פון שטערען, די אויגען די גרויסע
זיי האָבען ווי רחמים געבעטען מיר שטיל.
און ס'פלעגט יעדער בליק, יעדער קנייטש מיר דערצעהלען
פון לעבענס פון יונגע אין חשך דערשטיקט;
און ס'האָט יעדער בליק, יעדער קנייטש טיעף מיין האַרצען
געברענט ווי מיט פייער, אויף שטיקער געפּליקט.
נור ווען איך דערמאָן זייער ווייִנענדע שטימע,

וואָס קלאָגט שפּעט ביי נאַכט זוי צובראָכען, פערשלאָפּט —
דאַן ווײנט מיר מיין האַרץ שווער : רבונו של עולם !
אויף וואס געהט לאבוד די ריעזיגע קראַפט

כ׳ט׳מיין מזל ניט מיטגעבראכט אַרעמע מענשען,
אַז איך זאָל אינאיינעם מיט אייך געהן פערלאָרען ;
כ׳האָב פערלאָזען מיין תורה, אין אנדערע וועגען
בין איך אליין איינזאַם, פערלאָרען געוואָרען.
ס׳איז אַנדערע צייטען... און ווייט פון אייך האָב איך
אין אַנדערע ערטער געשטעלט מיין מזבח ;
נור געדיינקען — געדיינק איך אייך אַלעמען אייביג,
עס געהט אייער בילד ניט ארוים פון מיין מח !
כ׳געדיינק אויך, ווי שטאַרק און געזונד איז דער קאָרען,
די זריעה וואס ליעגט אין אייער פעלד טיעף בעהאלטען,
ווי גרוים וואָלט געווען די ברכה, ווען ס׳וואָלט איהר
איינאיינציגער וואַרמענדער זונן־שטראהל אויפשפּאלטען,
פיעל וואָלטען מיר גאַרבען מיט שמחה געשניטען,
ווען ס׳וואָלט אין זיי איין לעבענס־ווינדטעל געבלאָזען
און אָבגעראַמט וואָלט ער דעם וועג צום ישיבה,
וואס איז אזוי ווילד און אונמענשליך פערלאזען,
כ׳געדיינק אויך, ווי טרויריג זייער סוף איז און שרעקליך...
אונגליקליכעס, אַרעמעס פאָלק אָהן א שיער —
ווי טרוקען, פערשאָלטען דאָס פעלד איז, אין וועלכע
אזעלכענע קערנער פערשימלען אין איהר !...

